


נ. אָלייניקאָוו

# א וווּנדערלעכער יאָנטעוו

קאָאָפעראַטיווער פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"



שול- און פיאָנערן-ביבליאָטעק

נ. אָלייניקאָוו

# א ווּנדערלעכער יאָנטעוו

ייִדיש — אי. ק—ס.

№ 51

דערלויבט פונעם מעלוכישן וויסנשאפטלעך-מעטאָ-
דאָלאָגישן קאָמיטעט פון פאָלקאָמבילד או. ס. ר. ר.
צו באנוצן אין די קינדערשע ביבליאָטעקן. דער-
לויבעניש № 382 פונעם 29-טן מארט 1930.

קאָאָפעראטיווער פארלאג „קולטור-ליגע“
קיִעוו—1930

Printed in USSR

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פון דעם בוך און די שיפערן
פאַר ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן זײַנען
אָפּגעדרוקט אין „צײַטשריפט פון
דרוק“ און אין דעם „קאַרטן-רע-
פּערטואַר“ פון דער אוקראַיִני-
שער בוך-פּאַלאַטע.

מעלוכע-טרעסט „קיעװ - דרוק“.
2-טע דרוק. װאָראָװסקי-גאַס 42.
באַשט. № 3491. געדרוקט 3000.
1 דר.-בויגן. הויפּטליט
№ (983)2124.

1

יעדער אָוונט פּלעג איך זיך אײַנהערן וואָס מע רעדט פון יענער זײַט וואַנט.

איבער דער וואַנט אין צווייטן צימער האָט געוווינט מײַן עלטערער ברודער. און אין די אָוונטן פלעגן צו אים אַרײַנקומען פאַרשיידענע מענטשן און מ׳האָט דאָרט גערעדט אויף אַ קול.

איינמאָל דערהער איך אַזעלכע רייד:

— נו, כעוורע, איז מאַכט זיך גרייט. וואָרעם איבעראַכטאָג דינסטיק האָבן מיר דעם יאָנטעוו.



2

וואָס זיי האָבן ווײַטער גערעדט, האָב איך שוין ניט געהערט.

איך בין אַוועקגעלאָפן אין אַלקער אַרײַן, האָב אַראָפּגענומען פון וואַנט דעם אָפּרײַס־קאַלענדאַר. אויב ס׳איז טאַקע איבעראַכטאָג פאַראַן אַ יאָנטעוו, וועט דאָרט זײַן אַ רויט בלעטל.

איך האָב אופגעמישט דעם טאָג אין לועך. אַ שוואַרץ בלעטל: 18־טער אַפּרעל.

„אָפּגענאַרט״, — האָב איך אַ טראַכט געטון און זיך שיר ניט צעוויינט.

3

3

איך האָב זייער געבענקט נאָך יאָנטויווים.

איך בין דעמאָלט אלט געווען עלף יאָר און איך האָב געארבעט אף א זאוואָד. מײַן שטעלע איז געווען — „א יינגל״. דאָס הייסט, איך האָב געדאַרפט אומלויפן אין די ווארשטאטן און פאָלגן א גאנג. נאָך דער ארבעט פלעגן מיר שטענדיק וויי טון די פיס.

דערפאר האָב איך אזוי געבענקט נאָך יאָנטויווים.




4

נאָך אין הארבסט פלעג איך שוין פארקאטשען דעם לועך און פלעג ציילן, וויפל רויטע בלעטעלעך ס׳זײַנען דאָ אף ריזלעך.

ריזלעך, פאסכע און טראָיצע — דאָס זײַנען קלויסטער־יאָנטויווים. דערנאָך זײַנען נאָך געווען סאַבעל־טעג, קייסערלעכע האָבן זיי געהייסן. דאָס זײַנען געווען טעג, ווען ס׳איז אויסגעפאלן דער נאָמען־טאָג פון קייסער, פון דער קייסערינע און דאָרטן נאָך וועמענס פון זייערע קרויווים.

געהייסן האָבן די יאָנטויווים נאָך א מאָדנעם נאָמען אזא: „טעזאָימעניטסטוואָ״.

אין יענע טעג פלעג אונדזער הויפער ארופּ־קלעטערן אפן טויער און פלעג ארויסהענגען דאָרט א פלאג, דעם קייסערלעכן פלאג. א דרײַפארביקער: דער אויבערשטער פאס — א ווײַסער, דער מיטלסטער — א בלויער און סאמע דער אונטערשטער — א רויטער.





„דער קייסער זאָל כאָטש האָבּן וואָס מער טעכטער“, — פלעג איך קלערן, — „וועל איך דער־ווײַל פארשפּאָרן זיך אומהעצקען פון איין צעך אינעם צווייטן“.

.5

אף מאָרגן, איך קום צוגיין אין זאוואָד ארײַן. הער איך דאָרטן אויך די אייגענע מײַסע מיטן יאָנטעוו.

צוויי ארבּעטער זײַנען געשטאנען בּאם וואורשטאט. הער איך, ווי איינער מאכט צום צווייטן:

— נאָך פיר טאָג געבּליבּן בּיז יאָנטעוו, מ׳דארף זען פאָנען צוגרייטן.

דאָ האָבּ איך זיך שוין ניט געקענט אײַנהאלטן. איך בּין אוועק צום עלטסטן מײַסטער, צו גלעבּ איוואנאָוויטשן, און טו בּא אים א פרעג:

— גלעבּ איוואנאָוויטש, ס׳טאקע אן עמעס, וואָס מ׳זאָגט, אז דינסטיק וועט בּא אונדז זײַן א יאָנטעוו?

האָט גלעבּ איוואנאָוויטש מיך אָנגעכאפּט פאר דער טשאָפּרינע און זיך צעסיקעט אף מיר:

— יאָנטעוון גלוסט זיך דיר שוין? האָבּ צײַט. דו וועסט בּא מיר אין דעם־אָ יאָנטעוו אלע דילן אויס־וואשן אין קאָנטאָר! שנעקל דו!

—

.6

און אינדערהיים האָט מיך דער בּרודער אָפּגע־רופן אין א ווינקל און מאכט צו מיר:

— אַט וואָס, סיאָמע. איך וועל דארפן זאָלסט מיר דאָ אביסל מיטהעלפן. אינגיכן איז בא אונדז יאָנטעוו, און מע דארף אָנקלײַבן וואָס מער רויטן צײַג מיט סטענגעס רויטע. עפשער וועסטו צושלעפּן בא דער מאמע און בא דער שוועסטער. נאָר זע — האלט ס׳מויל. זאָלסט זיך פאר קיינעם ניט אויסריידן.

— וואָס־זשע זאָל עס פּאָרט זײַן פאר א יאָנ־טעוו? — האָב איך א קלער געטון צו זיך אליין. — אין קאלענדאר איז ער ניטאָ, און גאָט עב איוואַנאָ־וויטש ווערט אין קאַס, אז מ׳פרעגט אים. און זיך אויסריידן פאר קיינעם טאָר מען ניט אין קיין אופן. און רויטע סטענגעס דארף מען צוליב עפּעס אָנ־שלעפּן.

7.

בא דער מאמע האָב איך צוגעשלעפּט צוויי שטיקלעך קומאטש, און בא מײַן שוועסטער האָב איך בעשאס זי איז געשלאָפן אויסגעפלאָכטן פון צאָפּ א רויטע סטענגע.



אָט דאָס אלץ האָב איך שטילערהייט דער־לאנגט דעם ברודער.

— מאָלאָדיעץ! — האָט מיך דער ברודער געלויבט.

און ער האָט באהאלטן בא זיך אונטערן קישן סײַ דעם קומאטש, סײַ די סטענגע.



.8

און אָט איז שוין דינסטיק.

גאנצפרי פונקט 6 האָבן אָנגעהויבן פײַפן די הודקעס אפן זאוואָד. א סימען, אז ס'איז ניטאָ קיין שום יאָנטעוו. ווען ס'איז א יאָנטעוו, זײַנען ניטאָ קיין הודקעס.

איך גיי אָן צו אונדזער זאוואָד — שא, שטיל. די וואַרשטאטן שטייען ליידיק. אף דער וואנט איז אָנגעקלעפט א פאפיראָסנער פאפיר. אפן דאָזיקן פאפיר איז אָנגעדרוקט מיט בלייכע בלויע אויסיעס:

9

גענוג!

פארלאָזט, כאווײרים, די ארבעט! שטעלט אָפּ וואָס גיכער די רעדער!

דערלאנגט א סיגנאל־הודאָק.

ברייטער צעעפנט די טויערן פון זאוואָד. אין גאס אריַין, כאווײרים!

הײַנט איז אונדזער ליכטיקער יאָנטעוו.

.10

און נידעריקער איז דאָרט ווײַטער אזוי געווען געשריבן:

„הײַנטיקער יאָנטעוו איז אינגאנצן אן אנדערער. איר וועט אים ניט געפינען אין קיין איין קאלענדאר.

די גאלאָכים וועלן צוליב אים ניט קלינגען אין די גלעקער און ניט פראווען קיין טפילעס.

דערדאָזיקער יאָנטעוו ברענגט זיי ניט אריין ניט קיין אייער, ניט קיין מאלכעס-ברויטלעך, ניט קיין לאטקעס, ניט קיין אויפּעס, ניט קיין געלט.

איז ווער האָט עס איינגעפירט אָט דעמדאָזיקן מאָרגעס יאָנטעוו און פון וועמענס וועגן?

דעמדאָזיקן יאָנטעוו האָבן איינגעפירט די ארבעטער פאר די ארבעטערס וועגן אליין.

11.

## איך לייען ווייטער:

1899־טן יאָר איז אין פאריזש פאָרגעקומען א צוזאַ־מענפאָר, אף וועלכן ס'זיינען בייגעווען ארבעטער פון אלע טיילן וועלט.

ס'זיינען געקומען אהין אי דייטשן, אי רוסן, אי ענג־לענדער, אי שוועדן, אי איטאליענער, אי פאָליאקן. די ארבעטער לעקן נאָך אין ערגעץ ניט קיין האָניק. זיי ארבעטן צו 12, צו 14 שאָ, און אין אנדערע ערטער צו 16 א מעסלעס. און דערדאָזיקער צוזאמנפאָר האָט באשלאָסן:

זאָלן אין טאָג פונעם ערשטן מײַ די ארבעטער אין אלע לענדער פארלאָזן די ארבעט. זאָלן זיי ארויסגיין אין גאס און זאָגן:

— מיר פאָדערן אן אכטשאָעדיקן ארבעטסטאָג. און זאָל דער טאָג פונעם ערשטן מײַ אף קעסיידער בלײַבן א יאָנטעוו פאר די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט!

.12

איך האָב נאָך ניט באוויזן צו דערלייענען אָט דעם אופרוף, ווי ס'איז אריינגעשפרונגען אין ווארשטאט אריין גלעב איוואנאָוויטש.

ער האָט נאָר דערזעען, אז ס'איז קיינער ניטאָ בא דער ארבעט, האָט ער אָנגעהויבן טופען מיט די פיס און געמאכט קוילעס מיט גוואלדן:



— אָפזאָגן! אָפזאָגן! אלעמען ביז איינעם זאָג איך אָפ פון דער ארבעט. לײדיקגייערס! אינמיטן דינסטיק האָבן זיי זיך געמאכט א זונטיק.

ער איז צוגעלאָפן צו מיר. און ווי ער האָט דערזעען, וואָס איך לייען, איז ער מיר פארפאָרן מיט א סטוסאק, האָט אראָפגעפליקט פון וואנט דאָס פא־פירל און גענומען רעווען אף מיר.

— וואָס לייענסטו עס וואָס? אין טורמע גלוסט זיך דיר זיצן?

דאָס ערשטע מאָל האָב איך דעמאָלט געהערט, אז פאר א פאפירל קען מען איינזעצן א מענטשן אין טורמע אריין.

.13

באם טויער האָבן זיך פארזאמלט די ארבעטער. מיין ברודער איז דאָרט אויך געווען אינמיטן. ער האָט געהאלטן אין די הענט פיר קייסערלעכע פלאגן.

— ווו איז די רויטע פאָן? — האָט בא אים איי־נער אַן ארבעטער פון אונדזער צעך א פרעג געטון.



— אָט דאָ האָט איר די רויטע פאָנען,—האָט זיי מײַן ברודער געענטפערט,—טראָגט זיי אָפּ אין וואלד אריַין.

— ס׳איז דאָך גאָר קייסערלעכע!

— זאָל דיך ניט ארן,—האָט אים דער ברודער געענטפערט,—געוועזן זײַנען זיי קייסערלעכע און ווערן וועט פון זיי פראָלעטארישע. איר מעגט טראָגן.

.14



מיר האָבן א נעם געטון אונטער די הענט די צאַרישע פלאגן און זײַנען אוועק איבערן גאס.

מיר האָבן זיך אלעמאָל אָנגעטראָפן מיט פאָליציי־לײַט, אָבער קיינער פון זיי האָט אונדז ניט אָפּגעשטעלט.

אזוי זײַנען מיר זיך רויִק ארויס פון שטאָט. און אז מיר זײַנען אָנגעגאנגען צום וואלד, האָט דער ברודער בא אונדז צוגענומען די פלאגן, האָט אָפּגעריסן פון זיי די אויבערשטע פאסן, די ווײַסע. דערנאָך האָט ער אָפּגעפליקט די מיטלסטע, די בלויע. זײַנען נאָר געבליבן די אונטערשטע פאסן—די רויטע.

— שוין. איצט האָט איר אײַך רויטע פאָנען,—האָט ער זיך אָנגערופן.



.15

פּלוצים האָב איך דערהערט ווי מע זינגט. קיינמאָל האָב איך נאָך אזא ליד ניט געהערט:

די וועלט פון שקלאפנטום און ליידן
צעשטערן וועלן מיר, און דאן —
פון פרײַהײַט, גלײַכהײַט א גאניידן,
באַשאַפן וועט דער ארבעטס־מאַן.

אסאך מענטשן זינגען, און זען זעט מען קיינעם ניט. זײַנען מיר אָפּגעגאנגען נאָך א שפאן הונדערט, און איך האָב פלוצים דערזעען א גרויסן ריוו. און דאָרטן האָבן זיך געטון מענטשן, ווי די מורעשקעס!

.16

און אף א בערגעלע וואָסערע צוויי שפאן פון אונדז האָב איך דערזען א מענטשן מיט א שוואַר־צער באָרד און מיט פענסנע. ער רעדט עפּעס אין שרײַט ניט מיט זײַן קאָל:

## באַוויירים! הײַנט פײַערן מיר דעם גרויסן טאָג פון ערשטן מײַ.




— וואָס עפּעס דער ערשטער מײַ? — האָב איך פאַרוואונדערט א פרעג געטון באם ברודער. — הײַנט איז דאָך ערשט דער 18־טער אפרעל!

אָבער מײַן ברודער האָט זיך צעלאכט.

— נאָר בא אונדז אין רוסלאנד איז איצט נאָך אפרעל כוידעש, אף דער גאנצער וועלט איז שוין דער ערשטער מײַ. בא אונדז איז דער קאלענדאר ניט קיין ריכטיקער.

און דער מענטש וואָס אפן בערגל האָט ווײַטער געשריגן:

כאווײרים! די ארבעטער אף דער גאנצער וועלט פארלאָזן הײַנט די ארבעט, אין געשלאָסענע רײען מיט פאָנען און מיט מוזיק גײען זײ איבער די גאסן, אז אלע זאָלן זען די קראפט פון די ארבעטער. מיר דאָ קענען אפילע אזעלעכס אױך ניט אופטון. װען מיר גײען ארױס מיט פאָנען, האַלטן אונדז די סאָלדאטן צעשאַסן אײנציקװײַז, און די פּאָליצײ האַלט אונדז געכאפּט. מיר מוזן זיך נאָך אױסבאהאלטן דאָ אין ריװ און פראװען אונדזער יאָנטעװ אױסער דער שטאָט. אָבער ס'װעט נאָך קומען דער טאָג, װען די ארבעטער װעלן זיגן. און דאן װעלן מיר זיך שױן פאַרשפּאָרן באהאלטן אין די װעלדער פאר דער פּאָליצײ און פאר די זשאנדארמען.

.18

איך האָב א פרעג געגעבן באם ברודער:

— װער איז ער?

— אן אָראטער, — האָט דער ברודער געענטפערט. — א פארטײישער כאװער. א באָלשעװיק דער קאָמיטעט האָט געשיקט.



איך האָב ניט פארשטאנען וואָס קאָמיטעט, ווער באָלשעוויק. איך האָב נאָר זיך געשטויסן, אז א מענטש איז עס ניט אבי וועלכער.

איך האָב די גאנצע צייַט אף אים געקוקט און זיך געכידעשט, וואָס דאָס קאָל איז בא אים אזא הויכס. מ׳האָט געהערט יעדער וואָרט באזונדער.

פלוצים האָט ער אויסגערופן:

## — כאוויירים, צעגייט זיך איבערן וואלד.

.19



מיר האָבן דערהערט פונווייַטן א פייַפעריי, א לאנגס, א פארפלדיקס.

דער אוילעם האָט זיך א רודער געטון און אָנגעהויבן בורען. ס׳איז מיטאמאָל געוואָרן א שטופעניש, א קוועטשעניש.

אָבער דער אָראטער האָט אופגעהויבן איין האנט און האָט איבערגעשריגן דעם גאנצן אוילעם:

## — כאוויירים! רויק צעגייט זיך אין וואלד. אָבער ניט אלע מיטאמאָל. האָט ניט קיין מוירע!

ווי ער האָט דאָס אָפגעזאָגט, אזוי זייַנען אלע געבליבן שטיין. ס׳איז געוואָרן שא, שטיל.

מע האָט געהערט, ווי די שפערעלעך שטשעבעטשען.

.20

שטילינקערהייט האָבן מיר זיך איינס נאָך איינס אוועקגעלאָזן דורכן וואלד צום גרויסן שליאך צו און פונדאָרטן האָבן מיר זיך היפּלעכוויז אומגעקערט אין שטאָט אריין.

הינטער אונדז האָבן מיר געהערט אי א פּיפּע־ריי, אי געשרייען אלערליי, און אויך א טויפּען פון פערד.

— ווער איז עס דאָרט הינטער אונדז? — האָב איך א פרעג געטון.

— קאָזאקן און פּאָליציי, — האָט מיר דער ברודער געענטפערט. — ס'מאכט ניט אויס. אף די פערד רייטנדיק וועלן זיי דורכן געדיכטן וואלד ניט דורכ־קריכן.

און ס'איז טאקע אזוי געוועזן, זיי האָבן זיך ניט געקענט נאָכיאָגן דורכן וואלד.

זיי האָבן פאר קאס צוויי מאָל אויסגעשאָסן. אלע וואָראָנעס אין וואלד האָבן זיך צעשראָקן.



.21

אז איך בין שוין געוועזן אף אונדזער גאס ניט וויַט פונדערהיים, האָט מיך איבערגעיאָגט א קאָזאק אף א פערד רייטנדיק.

אין איין האנט האָט ער געהאלטן א נאהייקע, און אין דער צווייטער — א קאלאָש. דעם קאלאָש האָט עמעצער פון אונדזערע פארלאָרן אין ריוו.






.22

אסאך יאָרן זײַנען פון יענעם טאָג אָן דורכגע־
גאנגען.

אין 1918־טן יאָר בין איך דעם ערשטן מײַ
געווען אין מאָסקווע.

דאָס איז שוין געווען נאָך דער רעוואָלוציע, און
אין אלע קאלענדארן איז שוין דאָס בלעטעלע אף
דעם טאָג געווען ניט קיין שווארצס, נאָר א רויטס.

די באָלשעוויקעס האָבן פאריכט דעם לועך.

גאנץ מאָסקווע איז געווען באדעקט מיט פאָנען.
רויטע בענדער האָבן געפלאקערט אף די היטלען
און אף די העמדלעך. ס'האָבן געפײַפט די הודקעס.
ס'האָט געשפילט די מוזיק.

פון אלע זײַטן האָבן זיך געזאמלט מענטשן. זיי
האָבן זיך געזאמלט ניט אין ריוו, ארײַן, ווי דע־
מאָלט, נאָר צום רויטן פלאץ פאר דער קרעמל־
וואנט.



.23

אף דער הויכער טריבונע איז ארויף א מענטש
און אופגעהויבן די האנט. ער האָט אָנגעהויבן זײַן
רעדע:

— כאווירים! הײַנט פײַערן ז'י ארבע-
טער אין דער גאנצער וועלט :דעם טאָג
כון ערשטן מײַ. אָבער פרײַ פײַערן דעם-
דאָזיקן טאָג קענען נאָר מיר.

דעמזעלבן קאָל האָב איך שוין אזוי ווי אמאָל ערגעץ געהערט.

און איך האָב א פרעג געטון:

— ווער רעדט עס?

און מ׳האָט מיר געענטפערט:

— דער פאָרזיצער פון אלרוסלענדישן צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט, כאַווער סווערדלאָוו.



24.



איך האָב דערקאָנט יענעם „פאַרטייִשן כאַווער פון קאָמיטעט".

דערזעלבער וואָס דעמאָלט, נאָר אינגאַנצן אין לעדער אָנגעטון.

